# איבערגעבליבענע

## צייטבילד אין איין אַקט

פון

**דזשעין ראָוז**

פרייז 15 סענט



מאַקס נ. מייזעל
אידישער פערלאַג פאַר
ליטעראַטור און וויסענשאַפט
1918

# איבערגעבליבענע

ציים-בילד אין איין אקט.

פון

דזשעין ראוז

## פערזאנען.

אנא.

איוואַן. — איהר מאַן.

מאַשאַ. — זייער טאָכטער.

סאָניא. — אנא'ס שוועסטער.

אַלעקסאַנדער. — איהר מאַן.

איליא. — זייער זוהן.

פעטער. — אלעקסאנדער'ס פאָטער.

ראָזא. — א שכנה.

דאָרענקע.

צוויי אַלטע לייט.

ראָזאַ'ס מאַן.

די האַנדלונג קומט פאָר אין א פראָווינציעלער גרויסער שטאָדט פון אַ מלחמה־לאַנד.

סצענע. א גרויסער, נידעריגער צימער. לינקס די גאַס־טהיר. רעכטס אַ טהיר, וועלכע פיהרט צו די הויז־צימערען. אין מי־טען, עטוואָס צו לינקס, אַן אָפענער פענסטער, וועלכער קוקט אַרוים צו דער גאַס. אין מיטען צימער אַ גרויסער אַרבייטס־טיש. ביים פענסטער אַ נעה־מאַשין. אַ שפּיעגעל, שטוהלען, אַן אַלט־מאָדישער קאַמאָד, אַ ביכער־שראַנק. איינציגע פאַמיליען־בילדער אויף די ווענד. עטוואָס לינקס, ביים גאַס־טהיר, אַ גרוי־סער קאַלעכענער אויוועז.

אַנאַ, אַ יונגע פרוי, מיט אַ סימפּאַטיש, אינטערעסאַנטען געזיכט, זיצט נעבען מאַשין, נעהט אַ מיליטער־ראָק. פעטער קומט צו צום אָפענעם פענסטער. ער איז אַלט, גרוי און איינגעבויגען. הוסט אָפט, ווישט שטענדיג דאָס געזיכט און שטערען, אַ מאָל מיט אַ רויט נאָז־טיכעל און אַמאָל מיט'ן אַרבעל.

פעטער.

גוט מאָרגען, אנא.

אנא.

גוט מאָרגען, פעטער!

פעטער.

איבעראַל זעהט מען היינט אָפענע פענסטער, ס'שמעקט שוין מיט פריהלינג.

אנא.

א מאָדנע אוננאַטירליכע וואַרימקייט היינט.

פעטער.

נאָך צו פריה. דער שניי איז נאָך אין גאנצען ניט צוגאַנגען.

אנא.

האָסט אפשר עפּעס געהערט פון אַלעקסאַנדער'ן?

פעטער.

שטעקט אַריין דעם קאָפּ.

קיינער ניטאָ?

אנא.

קיינער.

פעטער.

איך קום ערשט פון דאָרטען. אין א האַלבער שטונדע ארום, האָבען זיי מיר געזאָגט, וועט אָנקומען די פּאָסט.

אנא.

אך, ווי לאַנג עס נעהמט! שוין דריי וואָכען!

פעטער.

וואָס עפּעס דריי? שוין כמעט פיער וואָכען, אז איך האָב גע־

שריבען, און אזוי ווי דו האָסט מיך געבעטען, אז די בריעף זאָ־
לען זיין אדרעסירט צו מיר, סאָניא ווייסט נאָך פון גאָר ניט ?

אנא.

ניין. זי איז שטאָלץ, ווי א קעניגין. זי מיינט, אז איהר מאַן
שלאָגט זיך נאָך אלץ פאר׳ן פאָטערלאנד.

פעטער.

גאָט ווייס ! גאָט ווייס, אויב ער לעבט נאָך.

אנא.

נו, ניט געזאָרגט. איך בין זיכער, אז פון די וואונדען וועט ער
גיך געזונד ווערען און וועט זיך צו אונז אומקערען. ער איז דאָך
אימער אזוי שטארק געוועז.

פעטער.

זיין גאנץ לעבען א טאָג קראנק ניט געוועזן — איצט, גאָט מיינער
— שוין זעקס וואָכען אין האָספּיטאל ! איך האָב זיך ביי זיי גע־
בעטען, ווען איך האָב געשריבען, מ׳זאָל איהם מיר אָבשיקען. ווי
עס זאָל ניט זיין, אבי א לעבעדיגען — א לעבעדיגען זאָל איך
איהם כאָטש קענען זעהן. אך, זוהן מיינער, וועמען נאָך האָב איך
אויף דער וועלט, א חוץ דיר ?

פויזע, ווישט זיך די טרעהרען.

ווייסט, אנא, ווען איך קען ניט דיין שוועסטער כמעט פון קינדווייז
אָן — אזא עהרליכע און אנשטענדיגע — וואָלט איך איהר בעשול־
דיגט אין גלייכגילטיגקייט צו איהר מאַן.

אנא.

וואָס רעדט איהר ? סאָניא וואָלט אָבגעגעבען איהר לעבען פאר
אלעקסאנדער׳ן. אָבער זי איז אזוי שיכור מיט פאטריאָטיזם, אז
ווער עס איז היינט ניט אויפ׳ן שלאכט־פעלד, איז, נאָך איהר מיי־
נונג, א פעררעטהער.

פעטער.

נו, אודאי, מ׳טאָר דאָך ניט רעדען, ניט פּראָטעסטירען געגען דאָס
פערגאָסענע בלוט. וואָס זאָל מען אָבער טהאָן, אז עס טהוט פּאָרט
וועה, אז דאָס בלוט איז דיר אזוי נאָהענט... — און עס פערפעסט —

אנא.

נו, זי וועט קומען צו זיך. זי מוז זיך אויסניכטערען. די רעזול־טאטען זיינען אזעלכע שרעקליכע, און דאס בלוט אזוי נאהענט...

פעטער.

איך פערשטעה אבער ניט, צו וואס מ'דארף זיך דא בעהאלטען? פאר וואס זאל זי ניט וויסען, אז ער ליגט שוין זעקס וואכען א פערוואונדעטער אין האספיטאל?

אנא.

ניין, ניין. צו וואס איהר וועה טהאן? זי וועט האבען גענוג, ווען ער וועט אהיים קומען. איך קען איהר ניט, וואס? איך וויים ניט, ווי ליעב זי האט איהם? ארימע סאניא! זי שטעהט זיך גענוג אוים פון אונז. גאנץ אפט קומט פאר אן אמת'ע שלאכט צווישען אונז.

פעטער.

אנשטרענגענדיג זיינע אויגען לינקס.

מיר דוכט, אז דארט קומט זי. יא, יא, דאס איז סאניא. נו, איך געה צוריק צו דער פאסט.

אנא.

אויב עס וועט זיין א בריעף, לאזט מיר גלייך וויסען.

פעטער.

נו, געוויס וועל איך דיר לאזען וויסען.

ער געהט אב רעכטס. אנא פאנגט אן נייהען. פולע צוויי מינוט געהט פאראיבער ביז סאניא קומט אריין. זי איז הויך, שעהן און שטאלץ, עטוואס עלטער פון איהר שוועסטער. זי בלייבט שטעהן אין מיטען צימער, לעזט א צייטונג, וועלכע זי האלט אין האנד.

סאניא.

אנא, אנא, הער: דער שונא האט פערלארען צעהן טויזענד מאן. דער גרעסטער טהייל טוידט, די איבעריגע פארוואונדעט, און —

אנא.

אך, הער אויף, סאניא! ווי שעהמסטו זיך דאס ניט? א מין שמחה — דער גרעסטער טהייל פון צעהן טויזענד מאן טוידט. נו,

אז ס'איז פון שונא, איז וואס? זיי זיינען דאך מענשען, ווי מיר אלע! און די ווייבער און קינדער פון יענע דער'הרג'עטע — דענקסטו אמאל פון זיי?

סאָניא.

ווי אזוי דענקען וועגען יענע, ווען אונזערע זיינען אין געפאהר?

אנא.

טאקע דערפאר, ווייל מיר זיינען אלע אין דערזעלבער פאסטקע. היינט ווערען זייערע גע'הרג'עט און מארגען — אונזערע. דיין מאן איז אין געפאהר, דיין זוהן איז בלויז זיעבצעהן יאהר אלט, און עס קען זיין, אז אויך איהם וועט מען באלד אויפפאָדערען —

סאָניא.

מיט אַ פערשטיינערטען אויסדרוק.

אז גאָט וויל, מוז אזוי זיין.

אנא.

ביזט אַ ווייב, אַ מוטער. קען דאס זיין, אז דיין הארץ טהוט דיר ניט וועה? איך גלויב דאס גאר ניט. עס איז דאך אזוי אוננאטירליך. שטעל דיר פאר, וועלכע מיספערשטענדנים עס זאלען ניט פארקומען צווישען די רעגיערונגען פון די פיינדליכע לענדער, די מענער, פאָטערס און זיהן, וועלכע שלאָגען זיך, האבען דאך אבסאָלוט גאר ניט איינער צום צווייטען.

סאָניא.

ס'איז מיט דיר ניטאָ וואס צו רעדען — עפּעס אזוי ווי דיין לאנד וואלט געווען אין די וואלקענס.

אנא.

ניין, די ערד איז דאס לאנד פון אלע מענשען פון דער גאנצער וועלט. האסטו שוין פערגעסען, וואס אלעקסאנדער, דיין מאן, פלעגט אונז לערנען? אונזער לאנד איז די, וועלכע איז גוט צו אונז.

סאָניא.

שווייג!

אנא.

האָט ער בעדאַרפט זיין אין דער שרעקליכער לאַגע, אין וועלכער ער געפינט זיך יעצט? לאַנג איידער דער קריעג האָט זיך אָנגעפאַנ־גען, האָט ער געוואָלט רייזען נאָך אמעריקא, און ווען ניט דו —

סאָניא.

שווייג, זאָג איך דיר! דערמאָהן ניט די שאַנדע; איך וויל ניט רענקען וועגען איהם, אַלס אַ שוועכלינג, אַ פעררעטהער.

אנא.

נו, געוויס. אַלס בלינדע פאַטריאָטקע, ביזטו גערעכט, אָבער דענק נור —

סאָניא.

איך דענק בלויז פון גאָט און מיין פאַטערלאַנד.

אנא.

איך בעט דיר, מיש ניט צוזאַמען גאָט מיט דיינע פאַטריאָטישע גע־פיהלען. ווי אַזוי קאָנסטו זיך גאָר פאָרשטעלען, אַז גאָט פערלאַנגט דאָס בלוט פון אַזוי פיעל פריעדליכע מענשען? אָט נעהם זיך בע־סער צו דער אַרבייט. דיינע פאַטריאָטישע געפיהלען וועלען דיר קיין ברויט ניט געבען. פערגעס ניט, אַז מיר זיינען די איינציגע פערזאָרגער, זייט אונזערע מענער —

סאָניא.

מיט שפּאָט.

אַ גזערע מענער! קענסטו טאַקע מיט דיין מאַן אויך שטאָלצירען.

אנא.

אַך, ווי פאַנאַטיש!

סאָניא.

בעסער ווי צו זיין גלאַט אַ גאָרנישט.

אנא.

די מלחמה האָט דיין זינען געריהרט.

סאָניא.

איך בין שטאָלץ מיט דעם, וואָס מיין מאַן שלאָגט זיך פאַר זיין פאטערלאנד. ער וועט קומען אהיים געלייטערט, א העלד; ער וועט פערגעסען אָן אַלע זיינע רעוואָלוציאָנערע, פעררעטערישע גע־דאַנקען. און דיך, אַנאַ, וואָרען איך.

אנא.

שפרינגט אויף.

סטראַשונ׳עם! איך האָב פאַר זיי קיין מורא ניט. איך וועל קיינמאָל ניט אויפהערען זאָגען דעם אמת.

ראָזאַ קומט צו צום פענסטער. זי איז יונג און זעהר בלאַס. איהר שטימע ציטערט.

ראָזא.

גוט מאָרגען. האָט איהר אפשר געזעהן מיין מאַן?

אנא.

ניין, ראָזע, וואָס איז געשעהן?

ראָזא.

איך ווייס שוין ניט, וואו איהם צו זוכען. איך בין אזוי אויסגע־מאַטערט. ער איז ניט געווארען היינט גאַנץ פריה. ערגעץ אוועק און... אַך, די גאַנצע שטאָדט בין איך שוין אויסגעווען. דער דאָק־טאָר האָט מיר אָנגעזאָגט, איהם ניט איבערצולאָזען אליין.

וויינט שטיל.

סאָניא.

נו, טו ווארום האָסטו איהם פערנאַכלעסיגט?

ראָזא.

אַך, גאָט מיינער, זייט ער איז פון דער מלחמה געקומען, איז ער דאָך גאָר קיין מענש ניט, מיט קיינעם רעדט ער ניט, געהט ארום פערטראַכט, און נור אַליין, וויל קיינעם ניט האָבען לעבען זיך. און ווען ער רעדט שוין יאָ אמאָל, איז דאָס צו די טוידטע אויפ׳ן שלאַכט־פעלד, וועלכע, ער זאָגט, ער האָט דער׳הרג׳עט.

זי שוידערט.

גאָט מיינער, וואָס פאַר א שרעק ער ווארפט אויף מיר ארויף!

דער דאָקטאָר זאָגט, אַז דאָס קומט פון דעם, וואָס ער האָט פיעל בלוט פערלאָרען און זיינע וואונדען זיינען נאָך ניט פערהיילט. אַך, מ'קען פון זינען אראָב! זיי האָבען איהם פון מיר צוגענומען א געזונטען, פול מיט לעבען, און וואָס האָבען זיי מיר צוריקגע־שיקט?

זי ווישט זיך די אויגען.

סאָניא.

שעהם דיך, ראָזא! הער אויף וויינען ווי א פערפיעסטשעט קינד. ניטאָ איצט קיין צייט אויף דעם. וואָס עס זאָל ניט האָבען געטראָ־פען מיט אונזערע מענער, איז דאָס א קליינינקייט. מיר טאָרען קיינעם ניט האַלטען פעראַנטוואָרטליך, און אונזערע מענער מוזען טהאָן זייער פליכט. מיר, פרויען, דאַרפען צייגען דער וועלט, אַז מען קאָן זיך אויף אונז אויך פערלאָזען.

אנא.

וואָס ווילסטו, זאָל זי טהאָן? נעהמען איהר מאַן, ארויספיהרען איהם אויפ'ן מארק, צייגען אַלעמען זיינע וואונדען און נאָך אפשר זינגען א שבח צו גאָט?

ראָזא.

אַך, דער שטארקסטער קען צובראָכען ווערען. און פון וואָס צו לע־בען איז אויך ניטאָ. אפשר קענט איהר מיר געבען וועלכע עס איז ארבייט אהיים צו נעהמען?

סאָניא.

יאָ, יאָ, ראָזא, מיר וועלען פאַר דיר טהאָן אַלץ, וואָס מיר קע־נען. מיליטער־ארבייט איז איצט דאָ גענוג. דו מוזט אָבער אויפהערען וויינען. געה זוך אוים דיין מאַן, היט איהם, פאַס אויף איהם אויף, און, די הויפט־זאַך. הער זיך ניט צו צו קיינעם, לאָז דיר דעם קאָפּ ניט פערדרעהען. מיר, פרויען, מוזען טהאָן אונזער פליכט גראָד אַזוי ווי די מענער. זיי שטארק ראָזא, זיי שטארק.

ראָזא.

ווי אַזוי קען מען זיין שטארק, אַז גאָט אַליין האָט זיך פון אונז אָבגעקעהרט? מען קען א גאַס ניט דורכגעהן. אומעטום פול

מיט קאַליקעס, פֿערוואונדעטע. אַך, גאָט מיינער, גאָט מיינער!

אַב.

סאָניא.

שרייט איהר נאָך.

זאָג אונז אָן, ווען דו וועסט איהם געפינען, ראָזא.

פויזע.

סאָניא.

אַך, אָט די סאָרט פרויען! זיי זיינען אָהן אַ ברעקעל כאַראַקטער, שוואַך, ווי די מייז. זיי פֿערגעסען —

אנא.

פֿערגעסען! מיט אַרמייען פֿון קריפּעלס, אַלס אנדענקען, וועלען אַפילו אונזערע קינדס־קינדער האָבען צו געדענקען. אָרעמע ראָזא! צוויי וואָכען נאָך איהר חתונה האָט מען שוין דעם מאַן פֿון איהר אַוועקגענומען! און זי דאַרף באַלד מוטער ווערען... אָבער זי מוז גאָר אויף אַ משוגענעם מאַן אַכטונג געבען... וואָס פֿאַר אַ סאָרט קינדער קען מען ערוואַרטען אונטער אַזעלכע אומשטענדען?

סאָניא.

נו, געהט האַלט אָב דעם לויף פֿון דער וועלט צוליעב אַ פּאָר קינדער, וועלכע דאַרפֿען נאָך ערשט געבוירען ווערען!

די גאַס־טהיר עפֿענט זיך. דאָרענקאָ קומט אַריין. זי איז אַכט יאָהר אַלט, אָבער זעהט אויס פֿיעל אינגער, צוליעב איהר מאָגערען, שלעכטען אויסזעהן.

סאָניא.

וואָס איז, דאָרענק, האָט דיין פֿאָטער ווידער גע'חלש'ט?

דאָרענקא.

ניין.

אנא.

און וואָס טהוט דער צווילינג?

דאַרענקא.

מיט קינדערשער בעגייסטערונג.

אָ, געדאַרפט זעהן מישקאַ'ן! איהר ווייסט דאָך, עס איז דער, וואָס זויגט אימער דעם גראָבען פינגער פון זיין לינקער האַנד. איהר ווייסט דאָך, ער האָט געזאָגט „מאַמאַ” היינט צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען. אָ, ער איז א טייוועל!

סאָניא.

שווייג, דאַרענקא. א קליינע מיידעלע טאָר אזוי ניט רעדען.

דאַרענקע.

מיין מאַמא זאָגט, אז איך בין שוין ניט קיין קליינע מיידעל, און זי זאָגט, איך מוז געהן ארבייטען.

אנא און סאָניא.

ארבייטען?

דאַרענקא.

זייט דער טאַטע איז געקומען פון מלחמה, קען די מאַמע גאָר מעהר ניט טהאָן. זי מוז היטען זיינע וואונדען. די מאַמע זאָגט, איך מוז אַוועקגעהן פון שטוב. עס איז פאַראַן גענוג מיילער צו קאָרמען אָהן מיר.

אנא.

מיין גאָט! דאַרענקא, וואָס קענסטו טהאָן?

דאַרענקא.

מיט זעלבסט־ווירדע.

אַלץ קען איך: וואַשען געשיר, פּאָדלאָגעס, ניאַנטשען קינדער. איהר דאַרפט ניט קיין ניאַנקע?

אנא.

אָבער מיין אינגסטע איז דאָך עלטער פון דיר!

דאַרענקא.

ס'מאַכט ניט, איך וועל זיי שוין מאַכען מיך פאָלגען. איהר וועט זעהן, ווי איך וועל זיי היטען.

אנא.

און ווער וועט היטען דיין צווילינג?

דאַרענקא.

דער צווילינג קען זיך שוין אליין היטען. נאָך אכט וואָכען און צוויי טעג וועלען זיי שוין זיין א יאָהר אלט, און זיי זיינען דאָך אזוי גוט און קלוג. איהר'ט בעדארפט זעהן, ווי זיי האָבען מורא פאר'ן טאטען. זייט ער איז צוריקגעקומען שרייט ער אזוי. אוי, ווי ער שרייט!

מיט פערטרויליכקייט.

דער דאָקטאָר זאָגט, אפשר איז ער גאָר פון זינען אראָב. יאָ, יאָ, איך אליין האָב עס געהערט איהם זאָגען. מיין טאטע איז קיינ־מאָל אין זיין לעבען משוגע ניט געוועזן, נור ווען ער פלעגט זיך אָנטרינקען, פלעגט ער שרייען. איצט טרינקט ער ניט, אָבער ער שרייט. אך, ווי ער שרייט.

אַנאַ לעגט אַרויף איהרע הענד אויף דאַרענקאַ'ס קאָפּ.

אָרים קינד.

דאַרענקא.

קען איך זיך אָבשטעלען ביי אייך?

כ'וויים ניט, געה איצט, דאַרענקא, אהיים. מיר'ן היינט זעהן דיין מאמען.

זי פיהרט איהר צו צום טהיר, עפענט און לאָזט איהר אַרויס.

זיי פאָרזיכטיג, מיין קינד. ווען דו געהסט אריבער די גאס, היט זיך.

דאַרענקא.

פון גאַס.

מאמא זאָגט, אז גאָט היט אונז.

אנא.

מאַכט צו די טהיר, בלייבט שטעהן פערטראַכט, רעדט שטיל.

גאָט היט אונז! יאָ...

איוואַן קומט אַריין פון דער טהיר רעכטס. ער איז הויך, שעהן, אָבער זעהר בלאַס. אַכט און דרייסיג יאָהר אַלט, זיין לינקע האַנד האַלט ער אין אַ סלינגג.

אנא.

מיט איבערגעגעבענהייט.

ווי פיהלסטו, איוואַן? געהסט צום דאָקטאָר?

איוואַן.

ניין, היינט פיהל איך בעסער.

בעסער? דו זעהסט אָבער אויס אַזוי שלעכט.

סאָניא.

נייהענדיג ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ.

זי וועט דיר שוין איינרעדען אַ קרענק, אַבי אין מלחמה ניט דאַרפען געהן. עס איז דיין גליק, וואָס דו ביזט מיין שוואָגער.

איוואַן.

פאַראַן אפשר אַ בריעף פון אַלעקסאַנדער'ן?

סאָניא.

ניט דיין זאַך.

איוואַן.

קורץ.

אַז עס וואָלט ניט געווען מיין זאַך, וואָלט איך ניט געפרעגט.

סאָניא.

וואָס אייערע לייטע אינטערעסירט, איז נור זיך צו פערהיטען, נור דעם אייגענעם „איך”. איך זאָג דיר גאַנץ אָפען, איך הויב אָן צו גלויבען, אַז דו האָסט עס אַליין געמאַכט.

איוואַן.

אַליין געמאַכט? וואָס מיינסטו?

סאָניא.

אָט פונקט, ווען די מלחמה איז ערקלערט געוואָרען, האָסטו זיך דיין אָרעם צובראָכען. און אַז עס האָט זיך שוין כמעט אין גאַנצען פערהיילט איז בלוט־פערגיפטונג אַריינגעטראָטען.

### איוואַן.

*איראָניש.*

נו, אפשר וואָלסטו מיך פער׳מסר׳ט?

### סאָניא.

ס׳איז פאָלשטענדיג גערעכטפערטיגט אין צייט פון קריעג.

### איוואַן.

*זיינע אויגען צינדען זיך אָן, זיין געזיכט ווערט רויט.*

טוידט דיין געוויסען אויך! ס׳איז דיר ניט גענוג, וואָס זייערע קערפּערס דאָרטען ווערען געטוידטעט, צוקאַליעטשעט?

### סאָניא.

איוואַן, בעהאַלט דיין פילאָזאָפיע פאַר זיך. דו ציהסט שוין די אויפמערקזאַמקייט פון די בעאַמטע. נו, מיר וועט זאָגאַר ניט וועה טהאָן, ווען עטוואָס וועט פּאַסירען.

### אנא.

אָך, וואָס קען מען פון דיר פערלאַנגען? דו ביזט דאָך אַזוי פער׳שיכור׳ט, אַז צו דיין אייגענעם מאַן פיהלסטו ניט קיין רחמנות.

### סאָניא.

*שפּרינגט אויף, מיט פלאַמענדע אויגען.*

ניט דיין זאַך! איך וויים, וואָס איך האָב צו טהאָן. איך זאָג אייך, אַז גיכער וואָלט איך געזעהן מיין מאַן פערקריפּעלט פאַר זיין פאַטערלאַנד, איידער זיך אליין מאַכען פאַר אַ קאַליקע.

*אַנאַ און איוואַן שפּרונגען אויף, ווי געביסען פון עפּעס, און פאַר אַ סעקונדע קוקען זיך די דריי אָן מיט האַס.*

### אנא.

אליין געמאַכט! אליין! ווי קענסטו דאָס וואגען? ווייסטו דען ניט, אַז איוואַן האָט ריזיקירט מיט זיין לעבען, אום ארויסצוראַטעווען אַ קינד פון׳ם ברענענדיגען הויז? אויב ער וועט פערבלייבען אַ קריפּעל, וועט ער ווענינגסטענס האָבען דאָס בעוואוסטזיין, אַז ער האָט געראַטעוועט אַ לעבען. אָבער דו מיט דיינע העלדישקייטען, דיין פּוסטען שטאָלץ, דיינע קריפּעלס, ווי אַזוי ווערען זיי געמאַכט?

פעטער קומט אַריין פון גאַס. ער איז שרעקליך צוטראָגען, קוקט זיך אום, ווייל עפּעס זאָגןן, אָבער ער קען ניט.

איוואַן.
וואָס איז געשעהן, פעטער?

פעטער.
גאָר ניט. נו, וואָס קוקט איהר מיך אַלע אַזוי אָן? סאָניא, סאָניא, דו ווייסט? —

אנא.
פיעל־בעדייטענד.
פעטער!

פעטער.
אָ, יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען? יאָ, איך מיין, דו ווייסט עפּעס נייעס?

יאָ, אודאי ווייס איך. מיר זיינען די זיעגער איבעראַל.

פעטער.
ניין, ניין, ניט דאָס. איך מיין פון אַלעקסאַנדער'ן.

סאָניא.
אַלעקסאַנדער'ן? ניין, פון איהם האָב איך גאָר ניט געהערט, אָבער איך בין זיכער, דאָס ער איז געזונד און טהוט זיין פליכט. איך בין זיכער.

פעטער.
זיכער, זיכער, ווי אַזוי?

סאָניא.
אַך, פּאָטער, ווארום זאָלט איהר זיך אַזוי ערגערן? ווען עטוואָס וואָלט פּאַסירט, וואָלט מען אונז דאָך גלייך געלאָזט וויסען.

פעטער הוסט, ווישט זיך דעם שווייס. אנא וויל עפּעס זאָגען, ווען די גאַס־טהיר עפענט זיך. עס לויפט אַריין מאַשאַ. זי איז זעכצעהן יאָהר אַלט.

מאשא.

אָ, מאַמע, מאַמענקא! האָסט בעדארפט זעהן!

אנא.

דערשראָקען.

וואו האָסטו איבערגעלאָזען די קינדער?

מאשא.

אין סאָד, מיט דער אַלטער אוודאָטיע און איך בין געלאָפען צום וואקזאַל. אַלע שלאָפען. די באַהנען קומען אָן פון דער מלחמה מיט אזוי פיעל פערוואונדעטע, מען לאָזט די וואגאָנען זאָגאר ניט אויסלופטערען פון די קראַנקע. מען פּאַקט זיי גלייך מיט פרישע, געזונדע, צוריקצושיקען צו דער מלחמה. אַך, וואָס פאַר אַ שרעק־ליכעס בילד! די טרעהרען ביים געזעגענען זיך, דער עלענד פון די אומגעקומענע. איהר הערט, מיר שטעהען אזוי, מיט אַ מאָל דערהערט זיך אַ געשריי. מיר קוקען זיך אום, ערשט אַ יונגער סאָלדאַט לויפט נאָך אַ נאַסילקע און שרייט: „מיין ברודער, מיין ברודער!" ער איז צו איהם צוגעפאַלען — אַך, איך קען דאָס אייך ניט איבערגעבען. א בלינדען האָבען זיי איהם אָבגעשיקט אַהיים.ביידע אויגען אויסגעשאָסען.

זי ווישט זיך די טרעהען. אַ שוידער לויפט דורך אַלעמען.

שטעלט אייך פאָר ווי דער אָרימער האָט געפיהלט. ער מוז געהן צום זעלבען פלאַץ, וואו זיין עלטערער ברודער האָט זיינע אויגען פערלאָרען...

איוואַן.

געה ניט, מאשא, צום וואָקזאַל. צו וואָס?

פעטער.

פיבעריש.

לאָז איהר, איוואַן, לאָז איהר. זאָל זי האָבען צו דערצעהלען איהרע קינדער, וואָס מיר לעבען דאָ איבער. און זי אַליין, קען זיין, זעהט זיך מיט די יונגע מענשען צום לעצטען מאָל. אזעלכע בליה־ענדע, יונגע מיידלעך, וואָס בלייבט פאַר זיי איבער? קאַליקעס, משוגעים.

לאַכט היסטעריש.

א, איך האָב גאָר פערגעסען אָן די אַלטע, איך און נאָך אזעלכע העלדען, ווי איך. אָרימע מיידלאך!

סאָניא.

אָ, פעטער, הערט אויף, איך בעט אייך.

אנא.

מאשא, מעהר זאָלסטו צום וואָקזאל ניט געהן, דו הערסט?

מאַשא.

אָבער מאָרגען מוז איך.

איוואַן.

ניין, ניט מאָרגען און ניט איבערמאָרגען.

פויזע.

מאַשאַ'ס אויגען זיינען אָנגעפילט מיט טרעהרען, זזי קערט זיך שנעל אָב.

סאָניא.

דאָס איז דאָך אַן אידיאָטסווע! וואָס האָט איהר מורא? מ'וועט איהר דאָך אין דער מלחמה ניט שיקען!

אנא.

עס איז צו שרעקליך אָנצוקוקען אזעלכע בילדער, איבערהויפט פאר קינדער.

מאשא.

אָבער מאָרגען, מאמענקא, בלויז מאָרגען און מעהר ניט.

איוואַן.

וואָס עפּעס גראדע מאָרגען?

מאשא.

רויט ווערענדיג, שטאַמעלט.

מאָרגען... כ'מיין, מאָרגען שיקט מען אוועק מאקס'ען. איהר ווייסט דאָך, אנא'ס ברודער, און ער האָט מיך געבעטען, ניין,

ניין, זי, אנא, מיין איך. איך מוז זיך זעגענען, איך — אך, לאָזט מיך אָב.

זי לויפט אַרויס פערשעהמט און געקרענקט. אַ געדריקטע שטימונג.

אנא.

ס׳איז טרויעריג. אך, איהר פריהלינג ענדיגט זיך, נאָך איידער ער האָט זיך אָנגעפאנגען.

פעטער.

וועהרענדיג אַלץ מעהר און מעהר אויפגערעגט.

די מלחמה שניידט יונגע לעבענס דאָ אין דער היים, פונקט ווי דאָרט אויפ׳ן שלאכטפעלד. אך, מיין זוהן, מיין זוהן!

זיך ווענדענדיג צו סאָניאַ׳ן.

סאָניא, געה, געה. איך מיין, איך האָב דיר פערגעסען צו זאָגען, אַ בריעף איז אָנגעקומען צו די איוואנאָווס פון זייער זוהן. די הערסט? געה שנעל. ער איז דאָך אין איין פאָלק מיט אלעקסאנדער׳ן.

סאָניא.

שטעלט זיך האַסטיג אויף.

און דאָס זאָגסטו מיר ערשט איצט?

איוואַן.

זי נעהמט ארויס אַ שאַכטעל פון קאָמאָד.

וואַרט, איך געה מיט דיר.
ניט נויטיג.

שנעל אָב.

פעטער.

פיבעריש.

אנא, איוואַן! עס איז געשעהן!

אנא.

גאָט מיינער! פעטער, וואָס האָט פאסירט?

איוואַן.

באַלד, ווי איהר זענט אין שטוב אריין, האָב איך פערשטאַנען אַז עטוואָס האָט פּאַסירט. איהר זעהט אויס שרעקליך.

פּעטער.

איך האָב ערשט ערהאַלטען א טעלעגראַמע.

אנא.

פון אַלעקסאַנדער׳ן?

ער נעהמט אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ קאָנווערט. זיינע הענד ציטערען.

פון האָספּיטאַל.

איך האָב פריהער ניט געוואָלט רעדען. איך האָב סאָניא׳ן גאַנץ זיכטליך אוועקגעשיקט.

אנא.

מיט פערבראָכענע הענד.

טוידט? ער איז טוידט?

פּעטער.

ערגער ווי טוידט. גאָט מיינער, ווי שרעקליך!

ער וויל אַרויס נעהמען די טעלעגראַמע, אָבער ער קען ניט. די הענד ציטערען איהם.

אנא.

אין דער גרעסטער אויפרעגונג רייסט ביי איהם אַרויס דעם קאָנווערט, נעהמט אַרויס די טעלעגראַמע, ווערט פּלוצלינג בלאַס, קעהרט אַוועק דעם קאָפּ, דערלאַנגט די טעלעגראַמע צו איוואַנ׳ען. איוואַן נעהמט און לעזט פאַר זיך.

אנא.

ציטערענדיג.

איוואַן, לעז.

איוואַן.

לעזט הויך.

ערוואַרטעט אוועק זוהן היינט. אום צו רעטען זיין לעבען, איז גע־

ווען נויטיג ארונטערצונעהמען זיינעביידע פיס. איצט פיהלט ער שוין בעסער און קען פאָהרען.

איוואנ'ס בלאסע געזיכט ווערט נאָך בלאַסער. ער לעגט אריין די טעלעגראַמע צו זיך אין קעשענע. אַנאַ לאָזט זיך אַראָב אויף דער קניה לעבען אַ דערביי־שטעהענדיגען שטוהל. פעטער ווישט זיך דעם שוויים, זיין קליינער אויסגעבויגענער קערפער ווערט נאָך קלענער.

איוואַן.

ביידע פיס! אך, ווי שרעקליך!

פעטער.

גאָט, דערבאַרם דיך, גאָט, דערבאַרם דיך.

איוואַן.

מיט וויינען און גאָט בעטען קענען מיר איהם זיינע פיס צוריק ניט געבען. לאָמיר זיך בערעכענען, וואָס מיר האָבען צו טהאָן.

אנא.

זיך אויפשטעלענדיג.

די ערשטע זאך מוזען מיר סאָניא'ן פאָרבערייטען. אָרימע סאָניא!

פעטער.

איהר מוזט עס איהר געוויס זאָגען.

פעטער קוקט זי אָן, אַזוי ווי ניט פערשטעהענדיג, וואָס זי רעדט. פלוצלונג צואווייגט ער זיך, ווי אַ קליין קינד.

איוואַן.

פעטער, פעטער, מיר מוזען זיין שטארק, קומט, לאָמיר געהן צום וואָקזאַל.

אנא.

און טאָמער קומט סאָניא? ניין, ניין, איך וויל יעצט מיט איהר אליין ניט בלייבען.

די טהיר עפענט זיך. צוויי אַלטע לייט טראָגען אַריין אַלעקסאַנדער'ן אויף אַ נאַסילקע. זיי בלייבען שטעהן ביי דער טהיר. אַלעקסאַנדער הויבט עטוואס אויף דעם קאָפּ, שמייכעלט רחמנות'דיג, זיין געזיכט

דריקט אויס אַ שאַרפען וועהטאָג. אלע בלייבען ווי פערשטיינערט.
פויזע.

אנא.

ווי זיך אויפכאפענדיג פון שלאָף.

אַלעקסאַנדער! ביזט אהיים געקומען? דו לעבסט?

אלעקסאַנדער.

מיט אַ ביטערען שמייכעל.

איך לעב...

פעטער ווישט אָב דעם שווייס פון זיין פנים, הוסט, פלוצלונג לאָזט ער זיך אַראָב אויף דער קניה, צלם'ט זיך און פערזינקט אין אַ שטילע געבעט. איוואַן וויל עפּעס זאָגען און געפינט ניט קיין ווערטער. אַנאַ שטעהט לעבען אַלעקסאַנדער'ן, גלעט איהם די האָר.

ערשטער אַלטער.

נו, וואס האַלט איהר אונז דאָ? דאָרט זיינען אזוי פיעל פערוואונדעטע היינט געקומען, מען דארף זיי אהיים טראָגען. דאָס איז איצט די איינציגע ארבייט, ביי וועלכע מען קען עפּעס פערדיענען.

צווייטער אלטער.

ס'איז איצט אזוי ווי שניט-צייט, מ'מוז זיך צואיילען.

אנא.

פערציטערט.

שניט-צייט... שניט-צייט...

איוואַן.

לאָמיר נעהמען אלעקסאנדער'ן אין זיין צימער, אין זיין בעט.

אלעקסאַנדער.

ניין, ניין, ניט אין בעט, גענוג געלעגען אין בעט. דאָ מיט אייך אַלע וועל איך זיין.

זיך אומקוקענדיג.

און וואו איז מיין זוהן? סאָניא?

אנא.

זיי וועלען באַלד קומען. פּעטער, שנעל, העלף מיר! סאָניא טאָר איהם אַזוי ניט זעהן. מיר וועלען איהם אָט דאָ אין גרויסען שטוהל אַריינזעצען.

פּעטער הויבט זיך אויף, געהט צו צו זיין זוהן, קושט איהם, זיין קול איז יעצט קלאָר און שטאַרק.

מיין זוהן! מיין זוהן! גאָט האָט דיך צוריקגעגעבען צו מיר.

אלעקסאַנדער.

פאָטער, מיין פאָטער!

פּויזע. אַנאַ מאַכט אַ שטומע בעמערקונג צו פּעטער'ן. זיי נעהמען דעם קראַנקען מיט'ן צודעק, זעצען איהם פאָרזיכטיג אַריין אין פאָטער'ס שטוהל. אַנאַ סטאַרעט זיך צו אַראַנזשירען דעם צודעק, אַזוי, אַז עס זאָל ניט קענטיג זיין דאָס די פיס פעהלען.

אנא.

אָט אַזוי. איז דיר בעקוועם?

פּעטער גיט די צוויי אַלטע קליינגעלד, זיי פערנויגען זיך טיעף, געהן אָב. אַלעקסאַנדער זיפצט, קוקט זיך אום גלייכגילטיג. אַלע שווייגען, אַ געדריקטע שטימונג.

אלעקסאַנדער.

און וואו איז איליא? פאַר וואָס זעה איך איהם ניט?

אנא.

ער וועט באַלד קומען. זאָרג ניט.

אלעקסאַנדער.

מיט אַ שוואַכען שמייכעל.

ווער האָט דאָס צייט צו זאָרגען? ארבייטען מוז מען אָהן אַן אויפהער, אָהן רוה. אַ, מ'איז געזונד, ווי פערד. דו קענסט דאָרט זעהן איינעם געזונד, גרויס, שטאַרק, ארבייט אָהן רעכענונג, טאָג און נאַכט, און פּלוצלונג, דו קוקסט זיך אום — ער איז שוין ני־טאָ... ליגט אין אַ טייך בלוט אויסגעצויגען. ניין, ניין, אַ צו־זאַמענגעדרעהטער... קליין איז ער שוין איצט... און אָט, אָט, איהר

הערט דאָס זשומען... אָט, אָט, באַלד, און איך בין שוין אויך לע־
בען איהם...

אַלע שווידערן אויף. קורצע פויזע. אַלעקסאַנדער קוקט מיט אַ
שטאַרקען בליק אויף איין פונקט.

הרג'ע, שיס, שטעך... איידער דו פאַלסט אַליין... קיין רחמנות,
קיינע זאָרגען... טהו דיין ארבייט, פערניכט אַלעס...

ער בענעצט זיינע ליפּען.

גיב מיר אַ טרונק.

אנא.

אָט געה איך שוין און מאַך דיר טהעע. איך וויים דאָך, וועלכע
טהעע דו האָסט ליעב.

זי געהט שנעל אָב רעכטס. אַלעקסאַנדער, ווערענדיג אַלץ מעהר און
מעהר נערוועז, זוכט אין זיינע קעשענעס, נעהמט אַרויס אַ פלאַכע
פלעשעל, עקזאַמינירט זי פון אַלע זייטען. זיין געזיכט בעקומט
אַ רחמנות'דיגען, הילפלאָזען אויסדרוק, ווען ער געפינט דאָס פלע־
שעל לעדיג. איוואַן און פעטער בעטראַכטען איהם אויפמערקזאַם.
אַלעקסאַנדער בעמערקט זיי, לאַכט הייזעריג.

אַלעקסאַנדער.

נו, וואָס ווילט איהר? מ'קען דאָך פון זינען אראָב אָהן דעם.

פעטער.

אָבער, מיין זוהן, ווי איז דאָס מעגליך? מען האָט דאָך פערבאָטען,
וואו האָסטו עס גענקראָגען?

אַלעקסאַנדער.

מ'קריגט פאר געלד אַלעס. דאָס גאַנצע געלד האָב איך זיי אוועק־
געגעבען, וויפיעל דו האָסט מיר געשיקט.

פעטער.

גאָט מיינער! דו האָסט דאָך קיינמאָל ניט געטרונקען?

אַלעקסאַנדער.

דערלאַנגט דאָס פלעשעל צו זיין פאָטער.

אַך, פאָטער, קריעג אַ ביסעל פאַר מיר, כאָטש אַ קליין ביסעלע.

האָב רחמנות. איך וועל עס ניט אַריבערטראָגען. דאָס גאַנצע שווידערליכע בילד קומט צוריק צו מיר. איך פיהל, ווי מען רייסט פון מיר שטיקער, אָ, האָב רחמנות!

פעטער.
אָבער מ׳קען ניט קריגען, ס׳איז אונמעגליך.

איוואַן.
נעהמענדיג פּעטער׳ן אָן אַ זייט.
אין אפּטייק וועסטו דאָס קריגען. זאָג זיי פאר וועמען, געה דורך דער הינטער־טיר.

פּעטער נעהמט דאָס פלעשעל. זיין האַנד ציטערט. ער געהט אַב שטיל מיט אַן אַראָבגעלאָזמ׳ען קאָפּ. אַלעקסאַנ׳ער בלייבט זיצען פערמאַטערט, פערמאַכט די אויגען, אָטהעמט שווער. עס הערען זיך טריט לעבען דער גאַס־טהיר. איוואַן געהט אַרויס אויף די שפּיץ פינגער. פּויזע. ס׳דערהערט זיך אַ שטילער געשפּרעך פון יענער זייט טהיר. באַלד קומען אַריין סאָניא און איוואַן. איוואַן האַלט סאָניא׳ס האַנד, רעדט צו איהר גאַנץ שטיל. אַלעקסאַנדער זיצט מיט דעם קאָפּ פערוואָרפען, מיט געשלאָסענע אויגען, ווי פערזונקען אין אַן אונרוהיגען שלאָף. סאָניא קוקט אָן דעם קראַנקען מיט אַ פערכאַפּטען אָטהעם. אַלעקסאַנדער עפענט די אויגען, קוקט זיך פערעמד אום. זיינע טרוקענע ליפּען בעוועגען זיך אָהן ווערטער.

אַלעקסאַנדער.
פּאָטער! פּאָטער! וואו ביזטו?

איוואַן.
זיך איבערבויגענדיג צו איהם.
דער פּאָטער וועט עס דיר באַלד ברענגען, זיי רוהיג. זעה, אַלעקסאַנדער, דאָס איז דאָך סאָניאַ.

אַלעקסאַנדער.
סאָניא! סאָניא!

סאָניא לויפט צו צו איהם. פלוצלינג לאָזט ער אַרוים אַ היסטערי־שען געשריי.

פאַרזיכטיג, דו הערסט? דאָס איז זי... אַך, ווי עס רייסט, ווי עס זשומעט... אונזער זוהן, אונזער זוהן בעהאַלט! לאָז איהם ניט!...

סאָניא מיט אייזעזרנע זעלבסט־בעהערשונג, קושט איהר מאַן, לאָזט זיך אַראָב אויף דער קניה און רעדט מיט אַ קלאָרער רוהיגער שטימע.

מיין מאַן! מיין העלד!

אנא קומט אַריין מיט אַ זידענדען סאמאָוואַר, שטעלט איהם אויפ'ן טיש.

איוואַן.

לאָז אָב מיט דיין טהעע איצט.

אלעקסאַנדער.

ווי איהם ערשט בעמערקענדיג.

איוואַן, דיין האַנד? דו אויך? ווען ביזטו אהיים געקומען?

סאָניאַ, אויף וועמענס געזיכט אַ שטיינערנע רוהיגקייט איז צו מערקען, ווערט מיט אַמאָל דורכגענומען מיט אַ פונק פון טריאומף.

איוואַן איז ניט געוועזען אזוי גליקליך. ער האָט זיין בלוט ניט פער־גאָסען פאַר זיין פאטערלאַנד.

אנא.

מיט אַ טרויעריגען שמייכעל.

ניט קיין מלחמה־העלד.

פעטער קומט אַריין. אַלעקסאַנדער, איהם דערזעהענדיג, גיט זיך אַ כאַפט ווי פון אַ שלאָף.

אָה!

סאָניאַ.

אַלעקסאַנדער, טהייערער, וואָס איז מיט דיר? בערוהיג דיך.

אלעקסאַנדער.
פּאָטער !

זי גראַב אָבשטויסענדיג פון זיך.
ער שטרעקט אויס צו איהם ביידע הענד. פּעטער נעהמט אַרויס פון בוזעם קעשענע דאָס פּלעשעל, האַלב פול, און גיט דאָס איהם. אַלעק־סאַנדער כאַפּט דאָס אָן מיט פריידע און מיט איין אַטהעם־צוג טרינקט ער אויס אין גאַנצען. סאָניא קוקט איהם אָן מיט שרעק. ער בעד־האַלט דאָס לעדיגע פלעשעל אין בוזעם־קעשענע. בעמערקט סאָניא'ן.

נו, וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן ? מיינע ביידע פיס האָבען זיי מיר אָבגעריסען. וואס ווילסטו ? איך מוז דאָך, איך מוז פערגעסען. אַך, מיינע פיס. מיינע פיס !

סאָניא.
וואָס ? וואָס זאָגסטו ? !

אַלעקסאַנדער.
ווערסט שוין מיט דיין מאַן אין ערגעץ ניט קענען געהן... נו, וואָס קוקסטו מיך אָן אַזוי צושראָקען ? איך בין דאָך איצט א העלד. כאַ־כאַ־כאַ ! א מלחמה־העלד אָהן פיס, און איצט דאַנקט גאָט, דאַנקט איהם, וואָס ער האָט מיך געלאָזט לעבען.

סאָניא לאָזט זיך אַרונטער אויף אַ דערבייאיגען שטוהל, בלייבט זי־צען בעוועגלאָז. איהר געזיכט צוקט קאָנוואולסיוו. זי קוקט אויף איהר מאַן מיט שרעק און רחמנות. און פון דעם מאָמענט ביז דער פאָרהאַנג פאַלט, בלייבט זי זיצען, ניט רעדענדיג קיין וואָרט. אָבער איהרע אויגען דריקען אויס א ים פון פערצווייפלונג. איי־ניגע סעקונדען הערשט אין צימער אַ טוידטע שטילקייט. מען קען בלויז הערען דאָס שווערע אַטהעמען פון דעם קראַנקען.. פּלוצלינג דערהערט זיך אַ קינדערשער קול פון גאַס : פּאַפּאַ ! פּאַפּאָטשקאָ ! באַלד בעווייזט זיך איליא אין פענסטער, ער קוקט זיך אום.

איליא.
איז עס אמת ? מיין פּאַפּאַ איז געקומען צופאָהרען ? אין שוהלע האָט מען מיר אָנגעזאָגט די נייעס.

ער שפרונגט אריין דורכ'ן פענסטער אין צימער. ער איז זיעבצעהן יאָהר אַלט, טראָגט אַ שוהל־יוניפאָרם, וואַרפט זיין היטעל אין דער לופט.

הורראה!

בעמערקט מיט אַמאָל די געדריקטע שטימונג פון די אַנוועזענדע, קוקט זיך אום, דערזעהט דעם פאָטער, פאַלט צו צו איהם מיט אַן אויסגעשריי:

פאפא!

פויזע. ער קוקט אָן זיין פאָטער מיט רחמנות.

אך, ווי דו זעהסט אוים!

ער קושט איהם צערטליך.

ביזטו פערוואונדעט?

אַלעקסאַנדער, אַזוי ווי קומענדיג צו זיין בעוואוסטזיין, לעגט אַרויף ביידע הענד אויף זיין זוהנ'ס קאָפּ, בויגט זיך איבער, קושט איהם צערטליך.

## איליא.

ביזט שטארק פערוואונדעט, פאפא? וואו, וואו ביזטו פערוואונ־דעט?

אַלעקסאנדער קוקט הילפלאָז זיך אום, זיין בליק שטעלט זיך אָב מיט געבעט אויף זיין פאָטער.

## פעטער.

צו איליא'ן

אך, זוהן מיינער, פרעג ניט. דאנק בעסער גאָט, וואָס מיר זעהען איהם כאָטש א לעבעדיגען.

## איליא.

מיט טרעהרען.

טהייערער פאפא!

קושט זיין פאָטער'ס האַנד.

אלע, אלע, וואָס קומען אהיים, זיינען פערוואונדעט, צוקאליע־

טשעט — אַ שרעק! אָבער איך האָב אזוי געהאָפט, איך ווייס ניט פאַר וואָס, אָבער געהאָפט האָב איך, אז די מלחמה וועט זיך גיך ענדיגען, און דו וועסט אהיים קומען אַ העלד, געזונד, שטאַרק, און —

אלעקסאַנדער.

קינדערשע פאַנטאַזיעס! קינד, אזוי לאַנג, ווי דו קענסט נאָך עטוואס נוצען ברענגען, לאָזט מען דיך ניט אָב. מ'האַלט דיך אזוי לאַנג, ווי דו קענסט נור שטעהן אויף די פיס, און דאַן, דאַן...

איליא.

מיט יוגענדליכען פייער.

אך, זאָרג ניט, טהייערער פאַפאַ! וועסט גיך געזונד ווערען, און איך וועל דיך אזוי אָבהיטען. אָ, די צייט איז זעהר גינסטיג, דער פריהלינג איז שוין דאָ, די זון שיינט אזוי ווארים. יעדען טאָג וועל איך מיט דיר אין וואַלד געהן. געדענקסטו דעם וואַלד, וואו דו פלעגסט מיך נעהמען פאַר־א־יאָהרען זומער? אך, איך בין דאַן אזוי קראַנק געווען. געדענקסט? פלעגסט לאַכען פון מיר, ווייל איך האָב דיך ניט געקענט כאַפּען ווען דו פלעגסט זיך מיט מיר ארומשפּיעלען. איך בין דאַן געווען שוואַך, ווי אַ קינד, געדענקסט? אָבער היינט בין איך געזונד, שטאַרק, אך, ווי שטאַרק! אויף די הענד קען איך דיך טראָגען. וועסט זעהן, ווי גיך דו וועסט גע־זונד ווערען. און דער פריהלינג וועט מיר צוהעלפען, און —

אלעקסאַנדער.

טרויעריג.

אך, זוהן מיינער! פאַר מיר קען שוין קיין פריהלינג מעהר ניט זיין.

איליא.

אך, ניין פאַפאַ! רעד ניט אזוי. דער פריהלינג איז פאַר אַלע־מען. ווען די זון שיינט, ווארעמט זי אַלעמען גלייך. קום צום פענסטער און זעה ווי אַלעס גרינט שוין. יונגע גראָז שפּראָצט

איבעראַל. קום, קום, עס איז פיעל בעסער, ווי אויף איין אָרט צו בלייבען.

פעטער.

ניין, ניין, איליא. פּאַפּאַ איז צו שוואך, לאָז אָב.

איליא.

איך ווייס, זיידעניו, איך ווייס, ער איז שוואַך. אָבער דערפאר בין איך שטאַרק, און איך קען איהם העלפען.

אלעקסאַנדער.

מיט ביטערער פערצווייפלונג.

זיי וועלען דיך אַוועקנעהמען פון מיר, זיי, זיי מוזטו העלפען, ביזט געזונד, שטאַרק, אודאי. אָבער פאר וועמען וועט דיין יונגער קערפער אויסגעניצט ווערען? שפּייז פאר די קאַנאָנען. און אויב עפּעס פון דיר וועט איבערבלייבען, וועט מען דיך אָבוואַרפען אָן א זייט, צוזאַמען מיט אַלע איבערגעבליבענע.

ווילד.

ניין, ניין. איך וועל ניט לאָזען! איך וועל דיך מיט מיינע אייגענע הענד דערשטיקען, דערווערגען, איידער צו זעהן דיך אַוועקגעהן אַהין, דאָרט, צום ווילדען, שטורמדיגען ים פון בלוט. אָ, מיין זוהן!

ער צואווינט זיך. ראָזא און איהר מאַן קומען צו צום פענסטער. ער איז שרעקליך מאָגער, זיין קאָפּ איז פאַרבאַנדאַזשירט. ווילד דערשראָקענע אויגען, וועלכע זיינען אימער אָנגעשטעלט אין איין ריכטונג.

ראָזא.

איך האָב אייך בלויז געוואָלט זאָגען, אז איך האָב איהם געפונען ביי טהאָמאַס'ען אויפ'ן בוידעם — געלעגען בעהאַלטען אונטער א בארג שטרוי.

אלעקסאַנדער.

בארסען! דאָס איז דאָך בארסען! וואָס איז מיט איהם געשעהן?

פעטער.

פרעג בעסער ניט. ער וועט סיי ווי סיי ניט ענטפערען. געה, ראָזא, נעהם דיין מאַן אַהיים. גיב אַכטונג אויף איהם, געה, מיין קינד, געה.

ראָזא און איהר מאַן פערשווינדען רעכטס. פון וויטען הערט זיך דאָס געוויין פון פרויען, אויסגעמישט מיט מענער־שטימען, וואָס שרייען און שילטען. די שטימען קומען אַלץ נעהנטער און נעהנ־טער. אלע אין צימער קוקען מיט שרעק און פערכאַפּטע אָטהעמען. פעטער מאַכט צו דאָס פענסטער.

דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.

ע נ ד ע.